# י. ל. פּרץ פאר יוגנט

העפט 1







ארויסגעגעבן צום 25סטן יאָרצייט פונעם דיכטער

פארלאג „גרינינקע ביימעלעך"
ווילניוס ○ ○ ○ ○ ○ 1940

# באַוועגלעכע כרעסטאָמאַטיע,

צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאָמסקי.

# י. ל. פּרץ פאַר יוגנט

העפט I

אַרויסגעגעבן צום 25סטן יאָרצײַט פונעם דיכטער

פאַרלאַג „גרינינקע ביימעלעך"
ווילניוס ○ ○ ○ ○ ○ 1940



י. ל. פרץ אין ווילנע אין יאָר 1912 צוזאַמען מיט די דיכטער
דוד איינהאָרן און דוד בערגעלסאָן

# דער זינגער — דער זיגער

אין גריכנלאַנד האָט זיך אַזאַ מעשה געטראָפן:

ספּאַרטאַ איז באַלאַגערט.
אַ גרויסע מַחנֶה אַרום די מויערן.
און פון טאָג צו טאָג ווערט די לאַגע
ערנסטער, קריטישער, געפערלעכער.
שיקט ספּאַרטאַ קיין אַטען בעטןהילף.
שיקט אַטען קיין ספּאַרטאַ צו־הילף
ניט מער ווי איין מענטש און דערצו
אַ לאָמען הויקער.
— ווי הייסט?...
דאָס האָט ספּאַרטאַ אויך געפרעגט.
געגאַפט און געקריצט מיט די ציין.
האָט זיך אָבער אויסגעוויזן, אַז דער
לאָמער הויקער איז — פינדאר... דער
פּאָעט, דער זינגער!

האָט זיך פינדאַר אין ספּאַרטאַ אין
מיטן מאַרק געשטעלט און אַ קריגס־ליד
געזונגען!
קלינגט אָפּ דאָס ליד אין אַלע הער־
צער; ווערן די הערצער די געפאַלענע
אויפגעשוואָלן פון העלדן־מוט...
זיינען מיטאַמאָל קינד און קייט
העלדן געוואָרן.
האָבן די אָפּהענטיקע געווער געכאַפּט,
זיינען די מידע אויף די מויערן אַרויף
און די בויגן געצויגן.
— און — אָפּגעשטויסן איז געוואָרן
דער פיינד...

י. ל. פּרץ

א. רייזען.

# אָן אַ סוף.

צום אָנדענק פון י. ל. פרץ.

דער גרייסער דיכטער איז געשטאָרבן
ביים טיש, שרייבנדיק א מעשה.

ס'איז געווען א גראָער מאָרגן
נאָך א נאַכט אַ שווערער:
וואָלקנס האָבן זיך געזאַמלט
מערער אַלץ און מערער.

פרי איז ער דאַן אויפגעשטאַנען,
ווי ס'וואָלט ווער אים טרייבן,
און אַ מַעשֶהלע פאַר קינדער
אָנגעהויבן שרייבן.

פאַר די קינדער אָן די היימען
וואָס ער פלעגט זיי ליבן:
פאַר די קינדער, וואָס מ'האָט זיי
אין דער פרעמד פאַרטריבן.

האָט ער עפּעס זיי אַנטדעקן
דעמאָלט זיך געקליבן?
ביי די ערשטע צוויי־דריי ווערטער
איז ער שטיל געבליבן.

האָט דערהערט ער רופן, רופן?
פון דער ווייט געזאַנגען?
אויף זיין פעדער איז אַ טראָפּן
טינט פאַרשטומט געהאַנגען...

איז נאָך פריצייטיק געווען,
וואָס ער האָט פאַרנומען?
האָט ער ניט געטאָרט דערציילן,
וואָס עס וועט נאָך קומען?

אַך, ווי וואָלטן מיר איצט וועלן,
אין דער צייט פון שרעקן,
דאָס, וואָס ער האָט מיטגענומען,
קענען דאָ אַנטדעקן!

וועלכע בילדער האָבן געשוועבט דאַן
פלינק פאַר זיינע אויגן?
איז אַ טויב אַ ווייסע דעמאָלט
פאַר אים דורכגעפלויגן?

האָט זיך אֵלִיָהו הַנָבִיא
פאַר אים דורכגעטראָגן,
ווי ער קומט אַראָפּ אַהערצו —
אויף אַ פייערוואָגן?

האָט געזען אַ באַרג אַ הויכן
ווו די קינדער שטייגן?
און די, וועלכע בלייבן אונטן,
שטייען שטיל און שווייגן?

אָדער האָט ער דאַן געהערט שוין
מָשיחס שופָר שאַלן,
און דערהויכט ווערט יעדער, וועלכער
איז געווען געפאַלן?

און עס זאַמלען זיך די אַלע —
אין עק־וועלט פאַרטריבן?...

. . . . . . . . .

ביי די ערשטע צוויי־דריי ווערטער
איז ער שטיל געבליבן...

ה. ד. נאָמבערג

# דער רוף פון פרילינג.

דער נאָמען פּרץ פלאַטערט איצט ווי אַ פאָן איבער טויזנטער אינסטיטוציעס: קינדערהיימען, שולן, קונסט-פאַריינען, ליטעראַרישע קלובן, ביבליאָטעקן, או"וו נישט נאָר אין פוילן, נאָר העט ווייט איבער די ברייטע ימען, אומעטום ווו יידן זיינען פאַרשפּרייט. אין פּאַריז אַזוי ווי אין בוענאָס איירעס, אין מאָנטרעאַל און אין ניו-יאָרק, געפינט איר זיי, די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, וואָס טראָגן זיין נאָמען. עס איז ניטאָ קיין צופעליקייט, וואָס די קאַנאַדער פאָלקס-שולן טראָגן זיין נאָמען צוגלייך מיט דער קינדערהיים אין וואַרשע; עס איז נישט קיין טראַף, וואָס אומעטום, ווו עס ווערט דערוועקט דער אינטערעס צו אַ יידיש שאַפן, צו דער שפּראַך, וואָס אין מויל פון פאָלק, דאָרט שווימט אַרויס דער נאָמען פּרץ [illegible] פון זיך אַליין פלאַטערט אויף זיי [illegible]געהאַנגענע פאָן. עס גרופּירן זיך מענטשן, איינעם צום אַנדערן ציט, און זיי פילן, אַז איבער זיי שוועבט אַ לעבעדיקער גייסט.

פּרץ איז אַ רוף, אַ שטענדיק שאַלן: לעבעדיקע! נישט זיין ווי מתים! פליענדיקע! נישט זיין מיט פאַרגליווערטע געפילן! העי! האַ! און נאָך אַ מאָל העי! דאָס לעבן קאָכט און זידט, דאָס לעבן איז פול מיט באַוועגונג און רייץ. און איר, וואָס שטייט איר?! וואָס איז מיט אייך? וואָס האָט איר אַראָפּגעלאָזט די נעז?

דער געדענקטאָג פאַר פּרצן, זיין יאָרצייט פאַלט אויס אין די ערשטע טעג פון פרילינג, ווען די ביימער הייבן אָן צו גרינען. פרעגט ביי דער נאַטור, וואָס ווערט מיטאַמאָל רירעוודיק, ריידנדיק אויף טויזנטער שפּראַכן, ציטערנדיק פון יעדן ווייכן וואַרעמען שטראַ[illegible], גאַרנדיק אין יעדן הויך פון די לינדע ווינטן — פרעגט זי, וואָס וויל זי און וואָס איז זי אויסן? וואָס מיינט זי מיט איר שאַפן און צו וואָס רופט זי אייך?

— עס טרעפט, אַז דורך לאַנגע דורות ווערט דער גייסט פון די מענטשן פאַרווינטערט. די קוואַלן ווערן פאַרפרוירן, דאָס לעבן איז פאַרגליווערט. אַנשטאָט לעבעדיקע באַוועגונגען ווערן באַשאַפן שאַבלאָנע אויסגעטראָטענע נייגונגען און מיינונגען, אַזוי ווי ביי די כינעזער, ביז עס הייבט אָן צו רופן און צו וועקן. פייגל קערן צוריק פון ווייטע וואַרעמע לענדער, עפּעס רייכט זיך, בונטעוועט זיך, דאָס אייז פּלאַצט, און אַ טראָמפּייט שאַלט: דער פרילינג קומט! נעמט לעבן, נעמט שאַפן. ווייל איר זייט דאָך די לעבעדיקע!

דאָס איז געווען דער רוף פון פּרצן, און אויב איר ווילט — זיין פּראָגראַם. אַ רייך מענטשלעכן מאָטיוו האָט ער אויסגעבלאָזן אויף זיין הילכיקן טראָמפּייט.



# די ערשטע באַגעגעניש פון אברהם רייזען מיט י. ל. פּרץ.

(פון א. רייזענס „עפּיזאָדן פון מיַין לעבן").

...אַ גרויסע פרייד האָט מיך דורכגענומען. נאָך איידער ער איז אָנגעקומען, האָט ער שוין געשוועבט פאַר מיַינע אויגן. באַלד וועל איך אים זען. זיַין בילד, וואָס איך האָב געזען אויפן פאָדערבלאַט פון זיַין לידער-זאַמלונג „העוגב", נאָך אַלס יינגל אין קאָידענאָוו, איז מיר געבליבן איַינגעקריצט אין זכרון. דאָס בילד איז געווען אַ ווינטערדיקס און ער איז געווען אין אַ פוטער און אַ ווינטער-היט און איצט מוז ער זיַין אָנגעטאָן זומערדיק.

איך האָב אָבער געהאָפט, אַז איך וועל אים דערקענען צוליב זיַינע אויגן אַליין.

און אָט האָט זיך די ברייטע טיר געעפנט. פון די טרעפ האָט זיך שפּרינגענ-דיק און זינגענדיק דערנענט זיַין געשטאַלט. דאָס איז פּרץ! – ער איז געווען גע-קליידעט ליַיכט, זומערדיק, דער הוט, אַ הייכער, אין האַנט. אויב איך האָב אים ניט דערקענט פון דעם בילד, האָב איך אים דערפילט-דאָס איז זיכער ער-פּרץ!..

איך האָב אים ווי אַ פּראָווינציאַל אומגעלומפּערט פאַרהאַלטן, אָפּגעשטעלט.

– אַנטשולדיקט (און אפשר האָב איך געזאָגט אין רוסיש-איזוויניטיע – )איך..

ער איז שטיין געבליבן, אָנגעקוקט מיך מיט זיַינע גרויסע שטראַלנדיקע אויגן און געשמייכלט.

איך האָב אים געזאָגט מיַין נאָמען.

האָט ער זיך נאָך פריַינדלעכער צעשמייכלט, מיר אויסגעצויגן די האַנט, גע-פרעגט, ווען איך בין געקומען, און אויסגעדריקט זיַין צופרידנקיַיט צו זען מיך, צו ריידן...

אָבער דאָ האָט ער בלויז אַ סטעלע – דערקלערט ער מיר – געסט נעמט ער אויף – אינדערהיים, צעגליאַנע נומער איינס, און ער בעט מיך קומען היַינט טאַקע דריַי אַזייגער...

און ער אַנטשולדיקט זיך מיט אַ שמייכל-ער מוז גיין צו זיַין פליכט, זעגנט זיך אָפּ און נאָכן זעגענען זיך שמייכלט ער ווידער גאַנטספריַינדלעך:

– ווען איר קימען?..

– יאָ, זיכער, דריַי אַזייגער...

און ער לאָזט זיך גיין אַ זינגענדיקער אין דער טיף פון דער גמינע און ווערט פאַרשווונדן ערגעץ אין איינער פון אירע אָפּטיילונגען.

איך בליַיב נאָך אַ וויַילע שטיין. איך איַיל זיך ניט. עס ווילט זיך ניט אַוועק-גיין פון דער גמינע, וואָס פאַר מיר איז דאָ אַלץ אַזוי נײַ און דער עיקר – אַזוי טיַיער. פּרץ איז דאָ. ער האָט דאָ אַ שטעלע. מיר דאַכט זיך, אַז ער איז דאָ דער אויבערהאַר, אַלע זיַינען אים דאָ אונטערטעניק, הגם ער פאַרלאַנגט עס ניט... ווי איינפאַך ער רעדט און האַלט זיך.

קוים דורכגעשטופּט די פינף שעה – ביז דריַי אַזייגער געשפּאַצירט אין די וואַרשעווער גאַסן שוין ווי אַ תושב. אויס פרעמדער. שוין געזען פּרצן, גערעדט

מיט אים און ער איז אַזוי פריינטלעך געווען, איז וואָס איז דאָ צו שרעקן זיך פאַר חייסער?

און אַלע מענטשן, וואָס איך באַגעגן אין די הין-און-הער זיך שניידנדיקע רוישיקע גאַסן, ווערן מיר נעענטער: די יידישע שפּראַך, מיט דעם פּויליש-יידישן אַקצענט, וואָס עס זינגט און קלינגט פון אַלע זייטן, פון די חסידישע יידן, פון די יונגע מיידלעך, וואָס טראָגן זיך מיר פאַרביי, ווערט מיר נאָך טייערער. דאָס איז דאָך די שפּראַך פון פּרץ. איינציקע ווערטער, וואָס איך האָב אין פּרצס ווערק זייער באַדייטונג ניט פאַרשטאַנען, דערקלערן זיך מיר. אָט דער טרעגער, דאַכט מיר, איז פון פּרצס סקיצע „שלום-בית"... אָט דאָס יינגעלע, וואָס בלאָנקעט אַרום און קוקט מיך אָן מיט זיינע גרויסע אויגן, איז פון פּרצעס רירנדיקער דערציילונג „דאָס אָרעמע יינגל", וועלכן פּרץ שענקט אַלע אָוונט אַ נדבה. און אָט טראָגט זיך פאַר מיר פאַרביי די איינזאַמע חסידישע ווייבל פון פּרצעס דערציילונג „אין פּאָסט-וואָגן" מיטן פּעפּערל אויף דער נאָז... זי איז אַנטלאָפן פון איר פּוילישן שטעטעלע און געפינט זיך שוין דאָ אין וואַרשע...

איך גיי אַריין אין אַ געוועלבל קויפן פּאַפּיראָסן. איך פליי מיך צו ריידן מיטן פּוילישן אַקצענט.

דאָס יונגע ווייבל, מיטן גרויסן שייטל אויפן קאָפּ, פאַרשטייט מיך ניט...

– ווּעָ?..

געפעלט מיר אַזוי שטאַרק איר ווּעָ... פּרצעס אַ טיפּ.

– פּאַפּיראָסן – ענטפער איך אַנטציקט פון איר שפּראַך און פון אירע שוואַרצע אויגן.

– סאָרנעָ? – זינגט זי אויס...

פאַרשטיי איך ניט. זינגט זי ווידער אויס: – סאָרנעָ?..

איך שטויס זיך שוין אָן, אַז דאָס פרעגט זי: וועלכע? רוף איך אָן דעם סאָרט...

באַצאָל איך און וויל זיך צערייידן מיט איר, קוקט זי מיך אָן מיט חשד – אַ „דאַטש" און אַ ליטוואַק דערצו...

– קענט איר פּרצן?.. – פרעג איך.

– פּרץ? – זינגט זי אויס, – נאַין, יאַך קען אין ניש...

לאָז איך איבער די אָרעמע ווייבל, וואָס קען נעבעך ניט פּרצן, וועלכער וווינט אין דערזעלבער שטאָט וואָס זי, און באַדויער זי פון טיפן האַרצן.

דערפאַר מיין באַלעבאָס פון האָטעל ווייס שוין, ווער פּרץ איז. איידער איך גיי צו פּרצן אַהיים, קום איך נעמען מיין העפט לידער. איך דערצייל אים דערוויל, אַז פּרצן האָב איך שוין געזען...

– טאַקע דערזעלביקער, וואָס שרייבט אין דער „הצפירה"?..

– ס'איז אַמאָל געווען, היינט שרייבט ער נאָר אויף יידיש אין „יוד"...

און אַ ייד אַ פּוילישער, וואָס זיצט דערביי, באַמערקט:

– פּרץ... מ'קען אין... אַ גרויסער אפּיקורס...

איך פאַרשווייג. קוק אָן דעם חסיד מיט האַדויערונג, וואָס ער ווייס ניט, ווי אַזוי צו שעצן פּרצן, און גיי אַרויס ווי אַ זיגער.

פּרץ געהערט צו מיר, צו אונדז, צום נייעם דור...

---

דרײַ אַזייגער בין איך שוין געשטאַנען לעבן דער טיר פון פּרצעס וווינונג און געצויגן דעם גלאָק.

געעפנט די טיר האָט מיר אַ שטוב-מיידל, אַ שיינע פּוילישע „שיקסל" מיט לאַכנדיקע אויגן. איידער איך האָב נאָך צײַט געהאַט זיך אומצוקוקן, איז שוין פאַר מיר געשטאַנען פּרץ, האָט מיך פרײַנטלעך באַגריסט און אַרײַנגעפירט אין ערשטן צימער – זײַן קאַבינעט.

ער האָט געהאַלטן אין מיטן עסן. האָט ער מיך געפרעגט איינפאַך און אָפּנהאַרציק, צי וויל איך עסן. אַזוי פיל האָב איך ניט געוואַגט... איך האָב זיך שעמעוודיק אָפּגעזאָגט: חלילה, ווער וויל עסן?.. האָט ער מיך געפרעגט, וואָס וועל איך טרינקען, טיי צי קאַווע. האָב איך אַרויסגעפּראַלט קאַווע... שוואַרצע?-שוואַרצע.

און די ערשטע שוואַרצע טאַס קאַווע האָב איך געטרונקען בײַ פּרצן, הגם אַלעמאָל האָט מען בײַ פּרצן מכבד געווען די געסט מיט שיינעם, שטאַרקן טיי...

די טאַס קאַווע, וואָס מע האָט מיר דערלאַנגט – איך געדענק ניט, צי מאַדאַם פּרץ אַליין צי די שטוב-מיידל – איז געווען שטאַרק, האָט מיך אויפגעמונטערט.

באַלד איז אַרײַנגעקומען פּרץ פון צווייטן און אויך לעצטן צימער, הגם מיר האָט זיך געדאַכט, אַז הינטער דעם צימער, ווו איך זיץ-פּרצס קאַבינעט – ציען זיך נאָך גאַנצע זאַלן, סאַליעס, פּאַלאַצן... ער האָט זיך אַוועקגעזעצט קעגנאיבער מיר, מכבד געווען מיט אַ לאַנגן פּאַפּיראָס און זיך פרײַנדלעך צערעדט.

איך בין געזעסן לעבן אַ באַרג מיט פּאַפּירן, מורא געהאַט זיי אָנצורירן. צווישן זיי האָב איך דערקענט פּרצעס מאַנוסקריפּטן. זײַן כתב מיט די קליינע פּערלדיקע אותיות, געשריבן מיט שוואַרצן טינט... עס האָט געצויגן אַרײַנצוקוקן, אַ לייען טאָן.

– „מײַן צוריקקער אַהיים" איז זייער גוט...-האָט ער אַרײַנגעזאָגט אַ מיינונג, איידער וואָס ווען... – אָבער אײַערע ריימען – און זײַנע גרויסע אויגן האָבן מיך אָנגעקוקט, – צו-ליטוויש...

און באַלד האָב איך אים דערלאַנגט מײַן העפט לידער

ער האָט זיך באַוואָפנט מיט אַ גרויסן בלײַפעדער, קענטיק אַ ווייניק-נאָך גענוצן, און גענומען לייענען...

ער האָט געלייענט מיט דעם פּויליש-יידישן אַקצענט. מאַנכע ריימען זײַנען אַרויס געקאַליעטשעטע, אַז דאָס וואָרט „פעלט" לייענט ער גאָר „פיילט", הײַנט ווי אַזוי קען שוין זײַן אַ גראַם צו „וועלט", וועלכעס ער האָט געלייענט טאַקע „וועלט", ווי אויף צו להכעיס...

און אויך אַזאַ תכלית האָט ער מיר געמאַכט פון יאָרן און פאַרלאָרן. אים איז דאָס גאָר אויסגעקומען „יורן" און „פאַרלוירן"...

אָבער עס איז ניט געגאַנגען אין גראַם, הגם אויך אויף דעם האָט ער זיך אָפּט אָפּגעשטעלט.

וואָס מער ער האָט געלייענט, איז ער אַלץ שטרענגער, ערנסטער און צײַטנווײַז אַפילו ווי בייז געוואָרן...

נאָר אָט אָנטציקט אים עפּעס... די אויגן ציגדן זיך אָן. ער ווענדט זיך צו מיר:

– עטאָ כאַראַשאָ... אָטשען כאַראַשאָ!.. *)

*) דאָס איז גוט, זייער גוט.

ווער איך שוין פריילעכער...

אָבער דאָס ווײַטערדיקע לידל האָט ווידער חסרונות...

– וואָס הייסט? – ווענדט ער זיך צו מיר.

איך דערקלער אים ווי אַ פאַרשולדיקטער תלמיד דעם בייזן רבין, הגם שטאַרק מורא האָב איך שוין ניט. בײַ אַ צען לידער האָט ער שוין גערימט.

און נאָך אַ סורפּריז: איניקע לידער האָב איך אים שוין געשיקט נאָך פון דער היים, פון קאָידענאָוו, פון קאָוונע, פון מינסק. איך געדענק יעדע שריפטלעכע מיינונג זײַנע און דאָ, זע איך, איז זײַן מיינונג אַן אַנדערע. עס האָט מיך אַפילו געוווּנדערט, אָבער אָפּשלאָגן אים האָב איך ניט געוואָלט, הגם איך האָב אים געקענט ווײַזן שוואַרץ אויף ווײַס. דאַן האָב איך נאָך אַלע בריוו זײַנע פאַרמאָגט בײַ זיך...

ער לייענט און לייענט. מיר דאַכט, אַז ער ווערט מיד. איך פּרוּוו בעטן צוריק דאָס העפט... ער קוקט מיך אָן אי שטרענג, אי חבריש...

– וואַרט, וואָס אײַלט איר? – עס איז נאָך דאָ.

און ער שמייכלט מיט זײַן ספּעציפישן שמייכל. עס ווערט וואַרעם אויפן האַרצן פון אַזאַ שמייכל. איך שמייכל צוריק.

ער האַלט שוין בײַ דעם ליד „דער מגיד"... און עס פּאַסט אים אײַן צו לייענען מיטן ליטווישן אַקצענט.

עס קומט אַרויס ווי אַ נײַע שפּראַך. עס איז ניט די שפּראַך און ניט דער פּרץ... אָבער עס טוט מיר הנאה – פּרץ וויל ווערן אַ ליטוואַק...

אָבער עס איז גאָר געווען אַ שפּיל אַזאַ בײַ אים... זיך פאַרשטעלן פאַר אַ ליטוואַק. ניין, ער איז צו פיל פּוילישער ייִד. און ער הייבט אָן ווידער צו לייענען אויף זײַן נוסח:

דאָס ליד „דער מגיד" געפעלט אים שטאַרק... אָבער גאָר ריין פון זינד איז עס אויך ניט

– מ'האָט עס געדאַרפט גאָר אַנדערש אָנשרײַבן. דאָס זעלבע וועגן ליד „אָרעמע מענטשן". דאָס ליד שטימט אים אַפילו טרויעריק אָן. ער פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע און מורמלט:

– יאָ, אַ פײַן ליד, ווירקנד...

אָבער אויך אין די „אָרעמע מענטשן" געפינט ער פעלערן. איך געדענק שוין ניט וועלכע.

דאָס גאַנצע העפט האָט ער איבערגעלייענט. זײַן אורטייל איז שטרענג, אָבער אויך מיט גנאָד.



# פּרץ דער רבי

פון שלום אַש

אין יענער צײַט האָבן אין די יידישע שטעטלעך זיך אָנגעהויבן צו גרינדן סאָציאַליסטישע גרופּן. איינמאָל, ווען איך האָב באַזוכט אַזאַ סאָציאַליסטישע גרופּע זײַנען מיר צו דער האַנט געקומען די דערציילונגען „דאָס שטרײַמל" און „באָנטשע שווײַג" פון י. ל. פּרץ, ווי אויך עטלעכע נומערן פון דער ערשטער יידישער וואָכנשריפט „דער ייד", וואָס האָט דאַמאָלסט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין. דער געדרודער, וואָס דידאָזיקע שריפטן האָבן אין מיר אויפגעוועקט, לאָזט זיך ניט באַשרײַבן. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַזוי ווי עמיצער האָלט מיר אַראָפּגענומען קייטן פון די הענט.

– רבונו של עולם-האָב איך צו זיך אַליין געטענהט–איך מעג דאָך שרײַבן, ווי איך רייד, וועגן דעם לעבן, וואָס איך זע, וואָס רינגלט מיך אַרום! איך מוז ניט גיין אויף די שטאָלצן פון אַ שפּראַך, וואָס איז מיר אומנאַטירלעך; איך מוז ניט אַראָפּברענגען קיין מאָטיוון פון הר-ציון!

פונדעסטוועגן האָב איך זיך פאָרט ניט געטרויט צו שרײַבן יידיש – וואָרים עס האָט מיר עפּעס אויסגעזען צו איינפאַך, צו לײַכט.

דעם זומער פון יאָר 1899 בין איך געפאָרן קיין וואַרשע, כּדי מיט די אייגענע אויגן צו זען דעם גרויסן כּישופמאַכער פּרץ, וועלכער האָט מײַנע הענט באַפרײַט פון זייערע קייטן.

מיט אַ ציטערדיקן האַרצן האָב איך אָנגעקלאַפּט אין זײַן טיר. ער אַליין האָט געעפנט. נאַטירלעך האָב איך גערעדט צו אים העברעיִש, – ווי אַזוי אַנדערש האָב איך זיך געקענט דערלויבן צו ריידן מיט אַזאַ גרויסן מענטשן? איך האָב אים געוויזן אַ שטימונגס-בילד, וואָס איך האָב אָנגעשריבן אין העברעיִש. ער האָט עס דורכגעזען און אַרויסגעגעבן זײַן משפּט: – „איר ווילט עפּעס זאָגן, נאָר איר טראָגט אַ קאָרסעט! פאָרט אַהיים, זעצט זיך אַוועק און שרײַבט אָן, וואָס איר ווילט זאָגן, אין יידיש און שיקט עס מיר צו".

בײַ פּרצן האָב איך דאַמאָלסט געטראָפן נאָכבערגן. ער האָט פאָרגעלייענט פאַר פּרצן זײַן דערציילונג „די אויגן". איך האָב זיך צוגעהערט מיט גרויס אינטערעס, פול מיט פאַרוווּנדערונג, אַז עס איז מעגלעך אַזעלכעס אין יידיש אויסצודריקן. נאָמבערג האָט מיך מיטגענומען צו זיך אַהיים און דאָרט האָב איך זיך באַקענט מיט מײַן צווייטן לעבנס-פרײַנט, דעם הויך-באַרימטן פאָלקסדיכטער אַברהם רייזען. ביידע האָבן מיך אויפגענומען מיט גרויס פרײַנטשאַפט און מיך אויך צוגערעדט אָפּצולאָזן דעם אומנאַטירלעכן העברעיִש און פרובירן שרײַבן יידיש.

אין יענע טעג האָבן מיר דרײַען געשלאָסן אַ בונד אויפן גאַנצן לעבן.

איך בין אַוועקגעפאָרן צוריק אין מײַן שטעטל און האָב זיך ערנסט אַ נעם געטאָן צו שרײַבן יידיש. אַ גײַע וועלט האָט זיך פאַר מיר געעפנט. די בילדער זײַנען אַזוי ווי געפלויגן צו מיר און האָבן אָנגענומען געשטאַלט, און די ווערטער זײַנען אין זיי געפלאָסן פון מײַן פעדער. די פאַרטיקע סקיצן האָב איך געשיקט צו פּרצן, אָבער איך האָב קיין ענטפער ניט דערהאַלטן. אין שטעטל האָב איך לענגער

ניט געקענט זײַן. עס האָט מיך געצויגן קײַן וואַרשע, צו די נײַע באַקאַנטע, צו נאָמבערגן און רייזענען. איך בין אַוועקגעפֿאָרן צו מײַנע עלטערן זיך געזעגנען און קורץ נאָכדעם האָב איך זיך כּמעט מזל אַריבערגעקליבן קײַן וואַרשע.

אין אַ שבת בײַטאָג בין איך ווידער מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרצן געשטאַנען פֿאַר פּרצן. דאָס מאָל האָב איך אים פֿאָרגעלייענט אַ קינדערישע מעשׂהלע אין ייִדיש. זי איז אים געפֿעלן, און ער האָט זי רעקאָמענדירט צום רעדאַקטאָר פֿון דער איינציקער ייִדישער וואָכנשריפֿט „דער ייִד". איך האָב געקראָגן דעם ערשטן האָנאָראַר — זיבן רובל, וואָס זײַנען גלײַך צעטיילט געוואָרן צווישן מיר און מײַנע פֿרײַנט און — בין געוואָרן אַ שרײַבער.

די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור האָט אין יענער צײַט פֿאַרמאָגט איין איינציקע וואָכנשריפֿט. אויף רוסלאַנד איז געווען פֿאַרבאָטן אַרויסצוגעבן ייִדישע דרוקווערק, איז דאָס בלאַט אַרויסגעגאַנגען אין קראָקע, וואָס האָט דאַן געהערט צו עסטרײַך. גרויסע שריפֿטשטעלער, ווי מענדעלע, שלום-עליכם, פּרץ, דער געניאַלער ליריקער מאָריס ראָזענפֿעלד, האָבן זיך געדרוקט אין „ייִד". זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז פֿאַר יונגע אָנפֿאַנגער איז געבליבן ווייניק פּלאַץ. דאָס ערשטע יאָר, וואָס איך האָב פֿאַרבראַכט אין וואַרשע, איז מיר געלונגען נאָר די דערמאָנטע דערציילונג אָפּצודרוקן. מײַן גאַנצע הכנסה פֿון האָנאָראַר האָט באַטראָפֿן זיבן רובל — און פֿון זיי איז שוין לאַנג קיין זכר ניט געווען. נו, האָט זיך אָנגעהויבן אַ דירה פֿון הונגעראין בויט. איך האָב געוווינט צוזאַמען מיט אַבֿרהם רייזענען אין יערקסטאַט בײַ אַן אָרעמען סטאָלער, וואָס האָט אונדז ערלויבט בײַנאַכט אײַנצושטעלן אַ בעט. בײַטאָג פֿלעגן מיר ביידע זיך אַרומטרײַבן איבער די גאַסן ווי צוויי הונגעריקע וועלף. דער איינציקער אין אונדזער חבֿרה־בונד, וואָס האָט עפּעס פֿאַרדינט, איז געווען נאָמבערג, ווײַל ער האָט געהאַט אַ שטעלע אַלס פּריוואַט־לערער. ווי אַ געטרײַער חבֿר האָט ער געטיילט מיט אונדז יעדן אײנס זײַן ביסן ברויט און טיי. אָבער אינגיכן האָט ער פֿאַרלאָרן זײַן שטעלע, און דאַן זײַנען מיר געווען געצוווּנגען צו טאָן אַזעלכע זאַכן, וואָס ס׳איז בעסער ניט צו דערמאָנען... מיר פֿלעגן עסן אין פֿאָלקס־קיכן אָדער גאָרניט, פֿלעגן שלאָפֿן אָפֿט אונטערן פֿרײַען הימל. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט נאָר געלינגען אָפּצודרוקן אַ העברעיִשע דערציילונג אין „הצפֿירה". ייִדישע ליטעראַטור אָפּצודרוקן איז געווען אוממעגלעך. אָבער מיר זײַנען שוין דאַן געווען איבערצײַגטע אָנהענגער פֿון דער פֿאָלקסשפּראַך און האָבן זיך באַטראַכט פֿאַר אירע פֿאַרקעמפֿער. זאָלן דאָ מיט ליבשאַפֿט דערמאָנט ווערן די מענער, וואָס האָבן אונדז אין יענער שווערער צײַט געהאָלפֿן: דער פּאַרלעגער לידסקי, וואָס פֿלעגט זיך שטענדיק אָננעמען פֿאַר ייִדיש, און דער באַזעבאָס פֿון אַ מילכיקן רעסטאָראַן, יחזקאל קאָטיק, וואָס פֿלעגט אונדז געבן אויף לאַנגן באָרג. אים האָב איך געשילדערט אין מײַן ראָמאַן „וואַרשע".

אין יענע יאָרן פֿון הונגער און נויט האָב איך זיך באַקאַנט מיט דער אָרעמקייט אין אַלע אירע פֿאָרמען. זי איז געווען מײַן בעסטע לערערין. איך גלייב, אַז ווען עס וויל ווערן אַ שרײַבער און שילדערן מענטשלעכע שיקזאַלן, יענער מוז דורכמאַכן די שול פֿון הונגער... די הונגער־יאָרן האָבן מיך מער באַרײַכערט ווי די זאַטע יאָרן. זיי האָב איך צו פֿאַרדאַנקען די מאָטיוון צו „מאָטקע גנבֿ", צום „גאָט פֿון נקמה" און דאָס בוך „וואַרשע".

מיר דרײַען האָבן געהאַט איין איינציקן יום־טובֿ אין דער וואָך. דאָס איז געווען דער שבת נאָכמיטאָג, ווען מיר פֿלעגן זיך פֿאַרזאַמלען אין דער באַשיידענער היים

פון אונדזער מײַסטער י. ל. פרץ. בײַ יענע וויזיטן איז שטענדיק געווען טיי און צובײַסנס, אָבער אַ סך, אַ סך מער גײַסטיקע שפּײַז. מיר פלעגן פאָרלייענען פּרצן אונדזערע ווערק, און דאָ, אין דעם קליינעם צימערל, פלעגן מיר אויסהערן די מיינונג פון די קאָלעגן. קיין אַנדער ענטפלעכע מיינונג האָבן מיר ניט פאַרמאָגט. און דאָרט פלעט באַשלאָסן ווערן: גוט אָדער שלעכט. פּרץ פלעגט אונדז דעמאָלט אויך אָנרעגן, מיר זאָלן זיך פאַרנעמען מיט פאָלקלאָר. און אַזוי פלעגט יעדן שבת יעדער איינער פון אונדז עפּעס מיטברענגען, ווער אַ פאָלקסליד, וואָס ער האָט אויפגעכאַפּט אין גאַס אָדער אין אַ פאַבריק, און ווער אַ לעגענדע אָדער פאָלקס־מעשה. דער מײַסטער האָט די אַלע זאַכן געזאַמלט. אַ סך פון זײַנע וועלטבאַרימטע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" שטאַמען פון אָט דעם מאַטעריאַל, פון וועלכן אויך אַנסקי האָט געשעפּט. די שבת־נאָכמיטיקן בײַ פּרצן אין יענע הונגעריאָרן מײַנע זײַנען געווען ליכטיקע שטראַלן אין מײַן לעבן.



אילוסטראַציע צו י. ל. פּרצעס „שרה בת טובים"

# פון פּרצעס אַ בריוו צו זיין פרוי*)

טייערע העלענע,

...באַלד נאָך מיין -עקזאַמען האָב איך אָפּגעקויפט, מיט דער כוונה צו קריגן פּראַקטיק, אַ וועקסל פון אַ ייִדן פון זאַמאָשטשער ניישטאָט אויף א סומע פון 24 רובל, באַצאָלנדיק 50 פּראָצ׳.

געחוגען אין געריכט, האָב איך נישט געוואָלט זיין קיין אַכזר און — איבערצייגט זיך, אַז דער גיטען איז זייער אָרעם — האָב איך אים איינגעטיילט דעם חוב אויף חודשידיקע איינרובלדיקע ראַטעס.

כ׳האָב געהאַלטן, אַז איך האָב געטאָן דעם חוב פון אַן אָנשטענדיקן מענטש, און אַז קיינער קען מיך נישט אָנרופן בעל — מחלוקות. ס׳איז מיר גאָר נישט איינגעפאַלן, אַז דעם אָרעמאַן זאָל אַפילו דאָס פאַלן צו לאַסט.

מע דערציילט, אַז איינער, זייער אַ רייכער דייטש, אַן אונטעראויווגדיקער ליולקעציִער, האָט בשום אופן נישט געקענט תּופס זיין, ווי אַזוי שטאַרבט עס עפּעס אַ מענטש פון הונגער.

מימה נפשך: האָט אויסגעפעלט לעבנסמיטל, קען מען דאָך עסן ברויט מיט פּוטער! — האָט געזאָגט אונדזער פילאַנטראָפּ גלעסנדיק זיך איבערן בייכל, וואָס איז געשטאָפּט געווען מיט וואַלדהינער און אויסטערן, נישט פאַרשטייענדיק, אַז פון דער שוועסטער אָרבעט האָט מען צו מאָל נישט אויף אַ שטיקל ברויט.

און ווען ס׳איז אַריבער זעקס אָדער זיבן חדשים, און כ׳האָב נישט באַקומען פון בעלחוב קיין איין שילינגער, בין איך געוואָרן אין כעס און פאַרגאַנגענעם פרייטאָג האָב איך גענומען אַ דראָשקע און בין אַוועקגעפאָרן מיטן קאָמאָרניק זיך נוקם זיין...

מיר זיינען אַריין. פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס טרויעריקסטע בילד אין לעבן. דאָס שטיבל איז געווען פּוסט און העסלעך. די ווענט-אָפּגעטיילט דורך די הענט פון דער צייט — האָבן געוויינט מיט טרערן פון פייכטקייט. קיין מעבל איז אין גאַנצן נישט געווען, אַחוץ איין סאָפּקעלע פון מתושלחס צייטן. און אויפדער דאָזיקער סאָפּקע... איבערגעדעקט מיט שמאַטעס, איז געלעגן דאָס איינציקע לעבעדיקע נפש אין דער שטוב: אַ קראַנק מיידעלע מיט אַ בלאַס-געלער הויט און צוגעמאַכטע אייגלעך.

די געלע הויט און דער אָפּטער מאַטערדיקער הוסט האָבן דערציילט וועגן אַ טרויעריקער קראַנקייט: וועגן דער האָפענונגסלאָזער שווינדזוכט.

דערהערנדיק אונדזערע טריט, האָט די קראַנקע קוים מיט מאַטערניש אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אויפעפענענדיק די האַלב אויסגעלאָשענע אויגן, האָט זי מיט שרעק געקוקט אויף אונדז.

— מיט אַזעלכע אויגן — האָב איך זיך אַ קלער געטאָן — קוקט אַ שעפעלע אויפן אונטערקומענדיקן וואָלף...

— דער טאַטע איז נישטאָ, פאַניע-האָט זי אַרויסגעקרעכצט — די מאַמע איז געגאַנגען אין גאַס אַריין...

מיר האָבן געעפנט ס׳מויל, אָבער קיינער פון אונדז האָט נישט געפונען וואָס צו זאָגן.

אַ שטילשווייגן. ווי שולדיקע האָבן מיר אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— דאָס האָט דרייסטער געמאַכט ס׳קינד.

— פאַר וואָס באַאומרויִקט איר אַ קראַנקעז — האָט זי געזאָגט מיט אַן אומעטיק קול, וואָס האָט געריסן דאָס האַרץ, פאַרהוסטנדיק זיך אַלע ווײַלע. - איר וועט מוחל זיין, וואָס איך קען איינך נישט אויפנעמען — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ געוויסן שטאָלץ און מיט אַ מיזקאַלטער העפלעכקייט.

---

*) דעם דאָזיקן בריוו האָט י. ל. פּרץ געשריבן צו זיין פרוי העלענען אומגעפער אין יאָר 1877, ווען ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט אדוואָקאַטור.

דעם בריוו דרוקן מיר איבער פון דער זאַמלונג „י. ל. פּרצעס משפחה-בריוו" אין די „ייוואָ-בלעטער" אויגוסט—אָקטאָבער 1937.

–מיר וועלן צוואַרטן–האָט ערנצט אַ זאָג געטאָן דער קאָמאָרניק–מיר קומען אַהער אין נאָמען פון מלכות אין געזעץ; כ׳בין נישט געוווינט צו בעטן, מע זאָל מיך אויפנעמען...

דער קול איז געווען צו שאַרף.

דאָס מיידל האָט אַ קרעכץ געטאָן און האָט אוממעכטיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפן האַרטן צוקאָפּנס פון דער סאָפּקע.

– נעמט כאָטש אַראָפּ ס׳היטל–האָב איך שטיל אַ זאָג געטאָן צום קאָמאָרניק, ווען כ׳האָב באַמערקט, אַז ער טוט דאָס נישט.

צער האָט אַ שאַרף אויער.

– אַן איידעלער מענטש!–האָט ס׳מיידל אַ זאָג געטאָן מיט אַ שטילער איראָניע.

די ווערטער, קוים דערהערטע, האָב איך געטראָפן לויטן צימער פון אירע ליפּן.

כ׳האָב זיך פאַרקלערט... כ׳האָב זיך געפילט אַראָפּגעפאַלן. כ׳האָב זיך געפילט אוממעכטיק קעגן אַ שוואַך, קראַנק קינד. כ׳האָב אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און ווען כ׳האָב זיי אויפגעהויבן, האָב איך דערזען אַ רחמנותטרער אין דעם קאָמאָרניקס אויגן; אַ טרער, וואָס האָט באַנעצט די ווײַס פון מענטשן, וואָס מוז שטענדיק זײַן אַן עדות פון פאַרשיידענע צרות, וואָס זײַן האַרץ, אויב ס׳איז נאָר פעיִק דערצו, דאַרף פּלאַצן אויף שריט און טריט... יעדע מינוט בײַם אויספירן זײַנע פונקציעס...

אָט דאָס טרויעריקע בילד איז געוואָרן פשוט שרעקלעך, ווען ס׳איז באַלד נאָך דעם אַרײַנגעקומען די באַלעבאָסטע פון שטוב.

דערזעענדיק אונדז, האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ פון אַ דערשראָקענער היִענע. זי האָט געקוקט אויף אונדז מיט צעמישטע, פאַריאושטע אויגן. און ווען דער קאָמאָרניק האָט קומענדיק צו זיך, אין נאָמען פון מלכות און געזעץ, דערקלערט דעם ציל פון אונדזער באַזוך, האָט איר פאַרצווייפלונג נישט געהאַט קיין גרענעץ. זי האָט געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער, די אויגן זײַנען איר פאַרלאָפן מיט בלוט און זי האָט אַרויסגעגעבן פון זיך שרעקלעכע אָבער אומפאַרשטענדלעכע געשרייען...

– מאַמע! – באַרויִק זיך–האָט וויינענדיק אַ זאָג געטאָן דאָס קראַנקע קינד–דער טאַטע וועט קומען און וועט זיך געבן אַן עצה. גאָט וועט נישט פאַרלאָזן...

אָבער דער מאַטערדיקער הוסט האָט איבערגעריסן די שרייסטווערטער.

די ווערטער האָבן געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויף דער מוטער.

–ביסט געזעגנט, טאָכטער–האָט זי געזאָגט–די הערן וועלן אונדז גאָרנישט טאָן... אַלץ איז פון דער השגחה. מע מוז לײַדן! מײַנע הערן! איך בין גרייט אײַך צו דינען... מאַכט שוין אַ תל אין גאַנצן...

אויב דער באַלעבאָס פון שטוב, אונדזער חשובער בעל־חוב, איז ניטאָ, מוז בײַם סעקוועסטער אַסיסטירן אַ פאָרשטייער פון דער פּאָליציי... – האָט מיט ווערדע און פלומרשטער קאַלטבלוטיקייט אַרויסגערעדט דער קאָמאָרניק–קומט–האָט ער זיך געווענדעט צו מיר. מיר וועלן עמעצן אַ זוך טאָן...

מיר זײַנען אַרויס אומגעזעגנט.

דאָס (געזעגענען) וואָלט געווען צביעות.

אויף דער גאַס פרעגט מיך דער קאָמאָרניק:

– צי ווייסט איר, אַז נאָך אַ מיליציאַנט וואָלט איך געקענט שיקן ווענען ס׳איז?

– כ׳פאַרשטיי...

– און האָט איר זיך אָנגעשטויסן, פאַר וואָס כ׳האָב אײַך אַרויסגעפירט פון שטוב?

– כ׳האָב זיך אָנגעשטויסן!

– גבכן?

– לאָמיר פאָרן.

דער דראָשקער האָט אַ קנאַל געטאָן מיט דער בײַטש און באַלד האָבן מיר דערזען די זאַמאָשטשער בויערן.

כ׳האָב זיך געאָטעמט.

– וויפל קומט אײַך?–האָב איך געפרעגט אַ צערודערטער דעם קאָמאָרניק.

– אַ גלעזל ביר מיט פאַרבײַסעכץ.

דער איידעלער קאָמאָרניק האָט געקראָגן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט, און איך – פון דעמאָלט אָן - קויף נישט קיין וועקסלען פאַר קיין שום געלט נישט!

ל ע אָ ז.

# בריוו פון י. ל. פרץ

(פון נחמן מייזעלס זאַמלונג).

---

.1

## צו יעקב דינעזאָן פון זאַקאָפּאַנע, פּיילן (אַן אַ דאַטע).

...דאָס וועטער האָט זיך געענדערט. רעגן און רעגן. און דאָך איסהאַלטן קען מען. די לופט אין ערשטן רעגנטאָג איז געווען אַזוי ריין און אַזוי דורכזיכטיק, אַז די בערג זיינען פּלוצלונג ציגעקומען נעענטער, און אַזוי נאָענט, אַז מע האָט די קלענסטע שריפּן געזען. און פּליצלינג, אַ מענטש שטייט אויף פאַרטאָג, לויפט אַרויס אויפן באַלקאָן – אַ זילבערנער געוואַנט!*) שטאַרט אַרויס איבער די רעגלען – נידריקע, גרינע, וואַלדיקע בערג, ווי אין אַן עטרה.

דורכזיכטיק־ווייסער שניי. און אונטן – נאָך שטייענדיקע תבואה!

נאָך אַ שטונדע און פון די רעגלען בליען אַרויס ווייסע וואָלקן־שנירן.

אַ מאַטער הימל פון אויבן, אַ שניי־באַרג איבער אַ וואָלקן־גאַרטל, און אונטער אים אַ סאַמעטן גרינער רעגלען־אַקסל איבער אַ גרינעם האָבער־פעלד! משוגע צו ווערן...

און אַהנטן זיינען געווען. עס רייכערן זיך די בערג, ווי מזבחות צו'ן אַ בייזן גאָט. דער רויך ווערט טונקעלער און טונקעלער. די וואָלקן איבער אים שוואַרצער. לאַנגזאַם גיסן זיך פעלזן, באַרג, וואָלקן און הימל צוזאַמען... און אַ געקוועטריי צי אין אַ געשלעג?

און אַז די בערג רעכטס לאַכן ווי פרישע אָפּגעצוואָגענע קינדער, און די בערג לינקס טראָגן אויף זיך שווערע, דריקנדע, שרעקנדיקע וואָלקן – וואַרפט מען מיט די אויגן אַהין און אַהער און מע שטייט צעדולט אין דער מיט.

און דאָס וואַסער באַרג־אָפּ! ראַשנדיק, שיימענדיק, זילבער און פּערל...

און יעדע מינוט אַ נייע באַלייכטונג: נייע פעלזן, נייע בערג, נייע וואַסער־סטענגעס. און אַלץ, אַלץ ווערט פאַרגעסן, אויס וואַרשע, אויס פּאָליטיק. און אַז מע נעמט אַ צייטונג אין דער האַנט אַריין, איז אַלץ אַזוי גלייכגילטיק פרעמד.

.2

## צו דער דאַמע ביים מעער פון סאַן מאָריטץ, שווייץ (זומער 1911).

...סאַן מאָריטץ און איבערהויפּט גאַנץ אָבער־ענגאַדין איז זייער מאָלעריש, און דאָך באַשרייבן, טיילן זיך מיט אייך בריוולעך מיט די איינדרוקן איז ניט אַזוי לייכט, ווי איר מיינט. וויינאַכטנס פאַר מיר. מיך אינטערעסירט מער דער מענטש, די זעלע. ביי דער טייטער נאַטור, ווי שיין זי זאָל נישט זיין, האָב איך גענוס, אָטעם איך פרייער, רו איך בעסער. אָבער מיין שאַפונגס־עלעמענט איז עס נישט. ווען איך גיי אָדער פאָר דורך ביינאַכט איבער אַ שלאָפנדיק שטעטל, מיט פאַרמאַכטע לאָדן

---

*) הייבער באַרג אין זאַקאָפּאַנע.

פון אין שאָטן אײַנגעהילטע הײַזלעך, כאַפּט מיך אָן אַ בענקשאַפט, אַ נאָגנדיקע וויטיק. אונטער די לאָדן לעבט מײַן גליקן, ליבע, האַס, לײַדס, האָט נחת, און דאָס איז פֿאַר מיר פֿאַרשלאָסן... די שענסטע איסזיכס שאַפט מיר נאָר פאַרגניגן... און ניט שטענדיק. פון אונטער די שענסטע ווענט, וואָס וויקלען זיך אַרום באַרג, הערט זיך אַ געקלאַפּערײַ. די שיינע הערן און דאַמען הערן עס נישט.

דאָס אַרבעטן איטאַליענער אין הײַלן און האַקן אויס שטײַנער, פון וועלכע עס קומען אַרויס פּאַלאַצן, קונסט-ווערק און ד. גל.

גײ איך אָבער זעלטן מיטן „גליקן" וועג און זע די איטאַליענער, און זײ — הונגערן...

דער ענגאַדינער אײַנוווינער - אָדערן, אָן אַ מענטשלעך אויסזען, די פרויען-אַרבעטס-קי... איבערגעבויגענע קעפּ, פלאַכע בריסטן, סעמפּע אויגן... „ער" און „זי" האַלטן מלחמה, און אַ שווערע מלחמה מיט דער ערד, איבער וועלכער מיר, די טוריסטן, די שפּאַציר-גייער, די קור-לײַט טראָגן זיך, ווי אויף פליגל, פון גענוס צו גענוס. אין אַ לאַנד פון האָטעלס.

*

קענט איר די אַלפּנדיקע, האַרטע, שטעכנדיקע אימאָרטאַלעז!.. „עדלווייס" האָב איך ליב געהאַט אַמאָל, הײַנט נישט... געדענקט איר די מעשה מיט דוד המלך, וואָס איז דאָרשטיק געווען און זײַנע דרײַ גבורים, וואָס האָבן דורכגעשטאָלטן דעם שונאס אַרמײ און אים פריש וואַסער געבראַכט! דוד האָט דאָס וואַסער, וואָס איז געקומען פון לעבנסגעפאַר, אויסגעגאָסן...

איר זאָלט זען, ווו די קינדער — יינגלעך און מיידלעך, 5-7 יעריקע, — רײַסן די בלימלעך, און די וועגן, מיט וועלכע זײ קומען אַראָפּ אויף די שטראָסן, צו לאָקערן אויף די „שפּאַצירער" און אויסצובעטלען אַ פּאָר סאַנטים פאַר די בלימלעך...

באַהאַלט אײַך דעם שטרויס, וואָס איך האָב אײַך געשיקט, אײב ער געפעלט אײַך, נאָר נישט אַלס אָנדענקען פון מיר. ווען מיר זאָלן ריכטיקע אויגן האָבן, וואָלטן מיר די בלימלעך געזען רויט, קינדער-בלוט-רויט...

**אַמער י. ל. פּ.**



# אינהאַלט:

# וויכטיקע לייענביכער פאַר קינדער

אין דער שול-ביבליאָטעק „גרינינקע ביימעלעך“ זיינען ביז איצט
דערשינען פאָלגנדיקע וויכטיקע לייענביכער פאַר קינדער
אין דער איבערזעצונג פון **העלענע כאַצקעלס**:

1. **מיני און מאָני—דער עסקימאָסישער צווילינג** (אילוסטרירט),
פון ליוסי פיטש פערקינס;
2. **די געוואַגטע – קינדער** פון דער שטיינצייט ״
3. **די קליינע האָלענדער** ״
4. **די זילבערנע גליטשערס** פון דאָדזש
5. **די פליגלען פון מוט** ״ זשאָרזש זאַנד
6. **קעק – דער** קליינער עסקימאָס פון י. אירווין און סטיפענסאָן
7. **אָן א היים** – פון העקטאָר מאַלאָ.

---

אין דער איבערזעצונג פון ש. באַסטאָמסקי:

8. **אין דעם לאַנד פון קנעכטשאַפט** – פון נ. יובאַקין

* * * * * * * * * * * *

אין גיכן דערשיינען:

---

9. **דער** קליינער לאָרד פאַונטלרוי – פון פ. בארנעט,
אין דער איבערזעצונג פון העלענע כאַצקעלס.

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן:
S. Bastomskis, Vilnius, Stepono g-ve 14.
Lithuania